די פרייד און דער צאר, וואס פלאטערט אין די דאזיקע לידער, זענען דער אייביקער אפקלאנג פון מיין אומרואיקן בלוט — א טייל פון מיר. און פונקט ווי איך און מיינע לידער, אזוי אויך די פרייד און דער צאר אונזערער, באלאנגט צו דיר, מיין פרוי. מיטן אויסנאם פון די פלאקאטן: „לערנט ליב צו האבן ס׳לעבן", וואס איך שענק אוועק מיט ליבע מיין פריינט און חבר, דעם דיכטער ש. זאראמב. און „בלוט-מיסכער", וואס איז, אין טיפער, ברודערלעכער ליבע, באשטימט אהרן בע-קערמאנען. דער דאנק פארן דערמעגלעכן, אז דאס בוך זאל דערשיינען, געהערט צו די חברים: שלום קעניגס-מאן און חיים רובינשטיין.

...דאס לעבן איז א דינער פאדים זייד,
און גרינג
קאן עס איבערגעריסן ווערן
פאר דער צייט
אזוי,
ווי ס׳לעשט זיך פלוצים אויס א שטערן
און פארגייט...
דערפאר — — —

(„לערנט ליב צו האבן ס׳לעבן”)

...זינגט זיך אונזער ליד נישט סטאם אזוי,
ווי סרינט אראפ פון דאך אמאל
א פערלדיקער טראפן טוי.
און ס׳הויבן זיך צום הימל אויגן אויף
אויסגעגלאצט מיט לויב,
ווען ס׳קוילעט זיך אין שויכעטס האנט — א טויב.
נישט סטאם אזוי,
זינגט זיך אונזער ליד...

(„פלאקאט”)

# שעפּסן־אויגן

שעפּסן-אויגן זענען טאָמיד
אַזעלכע גוטע, מילדע.
פון שעפּסן-אויגן בליקט אַרױס אַ שרעק, אַ ווילדע
פאַר בוינע און פאַר שעכטן.

די קענסט זײ נישט פון נעכטן...

— גײ !
ווען ס׳הויבט זיך אויף און פאַלט אַראָפּ
ס׳געשריי
פון שעפּסן-העלזער. צו דער שכיטע אויסגעצויגן;
הייליקט זיך שטיל אַ טפילע
אין שעפּסן-אויגן...

גײ, לייז אויס !
ווען ס׳הייליקט זיך אַ בראָכע אויפן שאַרף פונם כאַלעף...

# אכצן מארגעס אקערלאנד

איז געשטאנען יאן אין פעלד
(ס'איז געווען זונפארגאנג.)
איז געשטאנען יאן אין פעלד
און געקוקט א יעדע זאנג...

ווייל ס'האט יאן אליין פארזייט
אכצן מארגעס אקערלאנד,
גייט ליכטיק אויף די פרייד
אויף זיין געבענטשטער האנט.
האט געזאגט דער בעטלער אויפן שליאך :

— ס'איז איצטער זונפארגאנג.
און ווער ס'האט א דאך,
דארף האבן אויך א זאנג...

איז געשטאנען יאן אין מארגנרויט
און געגלעט זיין פערד,
וואס האט צעאקערט זוניק ברויט
אויף אכצן מארגעס שווארצער ערד.

האט דער וואנדערער אין וועג געזאגט :
— געבענטשט זאל זיין די רו אויף ערד,
ס'שפיגלט זיך דעם פויערס פלאג
אין ד'אויגן פון זיין מידן פערד...

איז נאכגעגאנגען יאן דעם אקער,
(אויפן שטערן ברענט דער שווייס).
האט יאן געזאגט צום אקער :
— געבענטשט זאל זיין די מידיקייט פון פלייס.

ווייל ס'האט יאן אליין פארזייט,
אכצן מארגעס אקערלאנד ;
איז געשטאנען יאן אין פעלד
און געקושט איעדע זאנג...

# זיבן הערן אין שווארצע פראקן

— קלינג-קלאנג. קלינג-קלאנג.
האט דער קלויסטערגלאק
צעקלונגען,
זיבן
טונקל,
שארפע
קלאנגען :

— קלינג-קלאנג. קלינג-קלאנג...
זיבן הערן אין שווארצע פראקן
שטייען אינם זונפארגאנג,
זיבן הערן אין שווארצע פראקן...

קלינגען אויפן קלויסטער-טורעם
גלאקן-קלינגערם :
— קומען וועט א שטורעם
מיט אוונטיקן זונפארגאנג,
קלינג-קלאנג. קלינג-קלאנג...
— — — — — —

* * *

האבן
הערן זיבן,
(אנגעטון אין שווארצע פראקן.)
זיך פארקליבן
אין אוונטיקן זונפארגאנג;
מיט גיריק-שווארצע הענט
צענויפצושארן
רויט צעצונדן גאלד,
וואס ווערט צו אש פארברענט...

— — — — — — —

זיבן הערן אין שווארצע פראקן,
טראגן לעצטן זונפארגאנג
אויף שטארבנדיקע הענט...

# הוגא פאן האפמאנסטאל

אויף אלע וועגן וואקסן דערנער.
אויף אלע וועגן גייען
בלאנדזשענדיק וואנדערער,
וואס פארלירן זייערע טריט.
שטשירעט איין זיך יעדער דארן אינם בלוט
פון וואנדער-פיס אויף פארווירטע שליאכן,
וואס שפאנען מיט טונקעלע שריט...

ווערן פיס שווער אויף איינזאמע וועגן
און ס׳הארץ פיבערט טרויעריק און מיד...
וועקן זיך וואנדערער אויף קרייציקע וועגן
און ציטערדיק וויינט דער טרויער אין זייער ליד :

„און קינדער וואקסן אויף מיט טיפע אויגן,
וואס וויסן גארנישט, וואקסן אויף און שטארבן
און אלע מענטשן גייען זייערע וועגן...״

זענען אלע וועגן פריי און פירן אומעטום,
און אומעטום איז דא א וועג, וואס פירט אינערגיץ נישט.
אומעטום איז דא אזא וועג...
— הוגא פאן האפמאנסטאל ! —
„און אלע מענטשן גייען זייערע וועגן...״

# די וואס האבן נישט קיין מארגן...

די, וואס האבן נישט קיין מארגן, גייען שווער און מיד
דורכן דעמער פון זייערע פארפייניקטע טעג.
בלייז אויף א צעצונדענע שרעק אין נישט זיבערע טריט:
„די וואס האבן נישט קיין מארגן, שטרויכלען אויפן וועג!..״

די, וואס האבן נישט קיין מארגן, גייען מיט אראפגעלאזטן קאפ
דורכן היינט, וואס סארפעט שוין אין פארגייענדיקער שא;
די, וואס האבן נישט קיין מארגן שווענקט די צייט ווי אפ,
פאר די איז דא אויף ערד קיין פלאץ נישטא.

די, וואס האבן נישט קיין מארגן, ווייסן נישט דערפון,
אז ס׳האמערט אוים די וועלט א נייעם טאג;
זייער אויג איז בלינד צו זען דאס העלע ליכט פון זון,
וואס שיילט באגינענדיק זיך אוים אויף יעדן פליכעוואטן ראג.

די, וואס האבן נישט קיין מארגן, אז ווי
צו זייער טאג, וואס קראמפט זיך שוין אין לעצטן גסיסע-פיין.
אין בלינדע אויגן בליט פון טויט דער אויפגעשריי:
„די, וואס האבן נישט קיין מארגן, מוזן פארגיין, פארגיין...״

# ביינאכט זענען שאען פאראַן...

ביינאכט זענען שאען פאראן
פון זעלטענעם, טונקעלן צאר.
וואס ברענען,
ווי ווונדן צעאייטערט
ביי סיפילים-קראנקע,
ווי שרעטעלעך גלייקע מאזלען
אויף קינדער׳שע לייבער.
אזוי טריפן
מיט ווונדיקן איטער,
די שאען
פון טיפן, אונענדלעכן פאכעד
ביינאכט.

זענען שאען ביינאכט
אזוי בלייעדיק שווער,
אזוי טריב —
ווי בלייכע געזיכטער
פון ייגגע מאנאשקעס
פארשפארטע אין קלויסטערס
אויף אפריכטן טפילע. —
אזוי זענען באלאדן
די שאען ביינאכט
מיט מידקייט פון טעג,
וואס גייען אויף ווי באגינענס
פון טריבע דעצעמבערס —
פארטונקלט און גרוי.

שאען —
ווען ס'שטשירען זיך קראנקע
מיט שארפע, מיט שפיציקע צײנער
אין פיבערדיק, היציקע לײבער
בײנאכט אויף געלעגערס,
און בײַסן זיך אײן אין זײער אײגענעם פלײש
ביז אויפשפריץ פון בלוט...

שאען —
פון וואכזײן און טיפן געראנגל;
ווען ס'שטרעקן זיך פויסטן געבײַלטע
פון שיקורים,
באהאפטן
מיט פרויען פון ראגן
בײם שײַן פון לאמטערנס,
און ס'פלאצן די קארקן
פון פלעשעלעך בראמפן
ווי שאען
פון אײגענעם אומקום...

שאען —
ווען שווער איז צו טראגן אין הויך
די שטערנס,
וואס ברענען
ווי גלײקער בלײ;
און ציען זיך
צו קאלטע, צו נאכטישע שויבן
אויף אפקיל.

ווען הענט — ווי צו טפּילע געשטרעקטע
זוכן אין טונקעלן כאַלעל
אַ האַלז
אין היציקן וואַנזין
אַליין זיך צו וואָרגן...

ווער וועט אויסקלאַגן
דעם צאַר
פון גרויליקע, נאַכטישע שאָען,
וואָס ווערן פאַרגליווערט
אין דרימלענדע בלוטן
ווי שטערן,
וואָס פאַלן
אויף סאַמעט פון גראָזן
אין זעלטענעם טרויער
פון יולי פאַרנאַכטן —
ווען ס'שטשירען זיך קראַנקע
מיט שאַרפע, מיט שפּיציקע ציינער
אין היציק פאַרסאַרפּעטע גופים;
און בייסן זיך איין אין זייער אייגענעם פלייש
אויף געלעגערס
ביינאַכט,
ביז אויפשפּריץ פון בלוט
— — — — — — — — — — — — — —
ווער וועט אויסקלאַגן
דעם צאַר
פון גרויליקע, נאַכטישע שאָען ?..

# טויט אין שפּיטאל

צאַרט, ווי דער גלעט פֿון אַ מאַמע האַנט
און זאַנפֿט,
וו׳אַן אָוונט אין אַפּריל
גייט אויף די זון איבערן שפּיטאַל, —
אַ ליכט שפּיל פֿון בלוי און גאָלד.
פֿאַלט —
דורך אָפּגעהילטע שטאָרן
אין שפּיטאַל זאַל,
אַ בלוטיקגעפּלעקטער
זוניקער שטראַל
אויפֿן פּאַרקעט.

פֿון בעט צו בעט
שאַרן זיך שטיל,
אין לאַנגע, ווייסע שירצן,
בלאַנדע קראַנקנשוועסטער.
אויף רויטע ליפּן
ציטערט —
אַ וווּנדיק בלויער שמייכל.
און אין די האָר,
גייט אום
מיט לייכטע, שטילע טריט
דער טויט.

## אקטאבער

הארבסט, אויף אנבלעטערדיקע צווײַגן
הענגט אקטאבער.
און מיד,
שפּילט דער ווינט
דאָס ליד
פון בארוויסן אין סטעפּ.

הארבסט.
אויף טוך פון שווארצן קרעפּ
צייכנט זיך אקטאבער
ווי אויסגענייטע
בלויע ליליען
אויף ווייסן סאמעט.

בליען,
אויף נאקעטע בוימערשפּיצן,
די קרוינען פון טויט...

# אוונטיקע פינגער

אוונטיקע פינגער שפּילן
אויפֿן ווינט
ווי צאַרטע, שלאַנקע פּרוויענהענט
אויף קלאַווישן.

אויף טונקעלן סאַמעט
פֿון מײַנע פֿענצטער־שטאַרן
פֿאַלט לעוואַנע־שײַן,
ווי זילבערנער בראָקאַט
אויף טונקעלן געוועב.

ציטערן,
טונקעלע שאָען
און וועבן זיך,
מיטן שײַן
פֿון ווײַסן שטערנליכט.
— — — — — — — — — — — — —
מאַרגנרויט...
— — — — — — — — — — — — — —
ס׳דרימלט איצט אין בלוט,
די שאָ פֿון ליכט...

הענגען פלאקאטן
אויף שטאטישע פלויטן,
אויף מויערן,
און היטן —
ס'זאל קיינער
אנטקעגן נישט גיין
די טויזנט
פארבליבענע טויטן,
וואס לויערן...

שרייען,
מיט טויזנט
צעעפנטע מיילער,
פלאקאטן
אויף ווענט :
— וויקלט פונאנדער
די פאנען
אין פלאטער אין רויטן,
וועט גרינג זיין
אנטקעגנצוגיין
די טויזנט
פארבליבענע טויטן...

הענגען פלאקאטן
אויף שטאטישע פלויטן
און דראען :
— מעסט די טריט פון דיין וועג,
ווייל א טראט קאן פאראטן
דיין טועז...

# לערנט ליב צו האבן ס'לעבן...

קעדיי צו זיין געזונט און האבן אפעטיט
מוז מען —
נאך די פארשריפטן פון פראפעסאר X...
(פאראגראף : איינס, —
רעגיסטער פון היגיענע, ביים מעלוכישן אינסטיטוט
פון „פאלקס-געזונט") —
פרימא : — נעמען יעדן טאג א קאלטע באד.
סעקונדא : — מאכן איבונגען
און דאס —
אויף פרייער לופט
טערטיא : — זיך דערנערן גוט...

(עסן — זאגן בייזע צינגער —
איז אן אומבאשטרייטבאר מיטל
צו פארמאכן ס'מויל... זיין עקסצעלענץ
דעם כוצפעדיקן הונגער.)
וויטאמינען האלטן אויף דעם ארגאניזם
און פלעגן
די צירקולאציע פונם בלוט;
דער הויפטפרינציפ
פון געזונט — און —
אפעטיט...

ווייל — ווי ס'לערנט די קלוגע וויסנשאפט — די מעדיצין,
איז א מענטש לעהאוודיל
גלייך —
צו א מאשין

מיט רעדעלעך, און שרײַפעלעך
אלערליי,
וואס פאלן ארונטער דאס געזעץ
פון דער —
אזוי גערופענער — נאטור.
ווי
לעמאשל,
הינט און קעץ דער גנאד
פון די ליבנסווירדיק שיינע דאמען,
מיט פראנצויזישן „באן-טאן"
אויף ווייכע גאבעלין קאשעטקעס
אין סאלאן.
אזוי —
פון טאמיד אן — — — — —

* *
*

ברענט (אויף א בריסעלער בולוואר)
א ליכט-רעקלאם ביינאכט
אין דער וויטרין
פון הארדים ביכערקלייט —
א טויזנט שפיזנדיק צעפלאמטע שפין.

קאפ :
„לערנט ליב צו האבן ס'לעבן."
צושריפט :
„דאס לעבן איז א דינער פאדים זייד
און גרינג,
קאן עס איבערגעריסן ווערן
פאר דער צייט,
אזוי, ווי ס'לעשט זיך פלוצים אויס א שטערן
און פארגייט...

דערפאר —
קויפט יעדער,
וואס איז נישט
קיין הינדערטפראצענטיקער
שאפענהויעריסט... —
דאס וועלט בארימטע בוך
(דעם צוואנציקסטן יארהונדערטס לעצטער טאן.)
פון דאקטאר איקס
איגרעק
פאן
איפסעלאן...
וואס לערנט; —
אז ס'לעבן מוז מען נעמען
מיט מוסקולן-שטארקע הענט.
איידער ס'ווערט דער פאדים
דער זיידענער,
אין עמיצנס א בינטל פינגער
צעריסן
און צו אש פארברענט... — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

* * *

מיטן-נאכט. —
אויפן בולוואר
ציטערט און וויינט
ס'לעצטע ליכט
פון א גאס-לאמטערן.
און אויפן טורעם
קלינגט דער זייגער אוים
צוועלף שארפע, טונקעלע שאען :
מיטן-נאכט.

בליצן אויף די לאמפן אין נאכט קאפע.
ווי זילבערנער בראקאט,
גליטשט זיך העלער שיין
אויפן טראטואר.
נאכט —
זענען שוין פארקלונגען
די לעצטע טריט
פון גאסן נאר,
און פארמאכט
זענען אלע טירן,
וואס פירן
ערגעצוווּ אהין.
ציטערן
שטילע טריט,
אין שאטן פון בולוואר — :
מארי — צוואנציק יינגע מײדל־יאר,
וואס שוועבן מיטן ווינט
צו אלדי גוטע יאר.
און לעשן זיך,
ווי דער שמייכל אין אירע גאלדענע האר
פון ערשטן „כאסן" — יאן,
וואס איז געווען א געזונטער,
ברייט פלייציקער מאן
און האט אפגעטון מיט איר,
ייאס מען טוט געווענלעך אפּ
מיט אזא ווי זי... — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

נאכט. א קילער ווינט.
שטיל...
וויגט זיך א שאטן פארביי.
יאגן טריט —
איינס צוויי, איינס צוויי,
פארדרייען זיך אויפן ראג.
פיבערט אויף
א סקריפנדיקער ברום :
— „שערי”... *)

צו דער ערד פאלט
וו׳א זילבערנע מאטבייע גרויס,
א שטילער, קיילעכדיקער שפיי...
א שאטן געווען —
פארביי...

א שטאך אין זייט. א שטילער הוסט.
אויף אויסגעבלייכטע באקן
ברענט
א פולע, אויסגעוויינטע טרער... — — — — —
— — — — — — — — — — —

וו׳א בייז געוויקס
פון ד׳רערד וואקסט אויס
אן „ער”.
— מיר׳ן גיין ?..
— גיין... — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

פארן קאפע: —
צוויי שטולן — פון שטרוי,
א טישל — פון שטרוי.
שוימען זיך באקאלן צוויי — ווייזן.
ער — א זופ.
זי — א זופ.
אויגן צינדן זיך רויט.
קוקן זיך איבער: —
א בליצן ווינק.
זי — א האלב פארשלאפענעם געניץ.
ער — א שיקערן לאך
כא... כא... כא...

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

אין דער פרעסע פון צומארגנסדיקן טאג
איז געווען אזא יעדיע:

„אין א מאנסארד
רי לאוואר אכט.
אויפן פערטן שטאק
האט די לעצטע נאכט,
זיך אויפגעהאנגען
אויף א האק,
מארי יורקא — צוואנציק יאר אלט.
פון פאך — א גאסנפרוי.
סיבע פון זעלבסטמארד — אומבאקאנט..."

אין אפגעריבענעם סאקאש,
וואס איז געווען פארקוועטשט
אין איר ביינערדיקער האנט,
האט דער פארשנדיקער פאליציאנט
געפונען:

איין פראנק מיט פינף און דרייסיק סענט,
א רויטן פאמאדע-שטיפט, א שפיגעלע,
און פודער.
דער רעדוקציע-שיין
פון דער גוט באקאנטער פירמע „באן מארשע"
האט געליינט זיך אזוי :

„מיר האבן דעם קאוועד צו באשטעטיקן,
[illegible]
אין אונזער פירמע.
געארבעט טריי און געוויסנהאפט,
פיר א האלבן יאר.
צוליב קריזיס — רעדוצירט.
איר אויפפירונג איז געווען עקסעלאן.
און אלס אזעלכע רעקאמאנדירן מיר..."

אויף צוויי קאלומנעס צווישן כראניק
טונקלט אן אנאנס :

„לערנט ליב צו האבן ס'לעבן !..."
ווייל —
„ס'לעבן איז א דינער פאדים זייד
און גרינג,
קאן עס איבערגעריסן ווערן
פאר דער צייט
אזוי, ווי ס'לעשט זיך פלוצים אוים א שטערן
און פארגייט...
דערפאר — — — קויפט — — — — — —
דאס וועלט בארימטע — — — —
בוך,
וואס לערנט — — — — :

„ס'לעבן מוז מען נעמען
מיט מוסקולן-שטארקע הענט,
איידער ס'ווערט דער פאדים
דער זיידענער,
אין עמיצנס א בינטל פינגער צעריסן
און צו אש פארברענט...
דער — — — — פאר — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

## מידי *)

מידי.
דארעם-אייראפּעאישער וואקזאל
בריסל.
אונטערשטאָט.
האלבע נאכט — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

אויגן
פון פארלאשענע לאמטערנס
קוקן בלינד
אויף שאטנס
אויסגעצויגענע אויף בענק —
קלאשארן **).
ליגן זיי,
ווי בראדיאגעס העפקערע
ביינאכט,
אויף שוועלן ביי ארייגענג
און אויף טרעפּ;
מיט פּיס — איינגעקארטשעטע,
מיט אראפּגעהאנגענע קעפּ —
שאטנס,
אויסגעצויגענע אויף בענק
ווי פּעק
באגאזש.
אפנעמער — זיין מאיעסטעט
דער קיניג

*) מידי — הייסט דארים, מיטאג און איז גלייכצייטיק דער נאמען פון אן ארעמען קווארטאל אין בריסל.

**) קלאשארן — היימלאזע, שלאפן אין די מעטראס.

פון — — —
נישט אבדיקירטן קיניגרייך —
דער טויט...

* * *

קאבארעט :

אויף העל באלויכטענער עסטראדע
וויגן זיך,
אין שיין
פון רויטן ליכט-פראזשעקטאר,
ווייסע קערפער-טיילן
פון א נאקעטער פרוי...
פיבערן
אויף שאטנדיקער וואנט,
קליינע ברוסטן צוויי,
ווי רייף צעבליטע עפל
אויף א בוים.
קוים,
קוים,
צום ריטם פון מוזיק...

ארקעסטער :

שווארצע פינגער
ציטערן
אויף סטרונעס פונם צימבל-באס.
דזשאז.
אכט נעגערס,
און —
ווייסער פרויענלייב
ביינאכט.
אויף העל באלויכטענער עסטראדע

טאנצט
זשאנעט,
דעם שיגאען-טאנץ
פון אירע פיבערדיקע נעכט :

איך בין,
די טענצערן זשאנעט
און טאנץ,
— מיין טאנץ —
באלעט,
מיט יעדן מאן און פראנט...
ביינאכט,
וואס איז
דער כיליק דען
צי מיס,
צי שיין ? —
כ׳בין עלעגאנט...
איך בין,
די טענצערן זשאנעט
און טאנץ,
— מיין טאנץ —
באלעט
מיט יעדן מאן און פראנט... — — — —
— — — — — — — — — —

דזשאז :
שווארצע פינגער
ציטערן
אויף סטרונעס פונם צימבל-באס :

„פיר סו — א שא,
צוויי סו — א ברויט
איז סו נישטא —
איז נישטא ברויט...״ — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

* * *

מיד
דרימלען
צעשאטענע ביי טישלעך
מאטראזן.
(בירגער
פון יאם-קאנטינענט...)
אין לאנגע ברייטע הויזן.
(דער איינגטלעכער
הויפטקאנסומענט
פון „בעסערן געשלעכט״...)
וואס פארשיקערן
די טאיוועדיקע נעכט
און פארבענקט געזאנג :

„זשאנעט, דיין טאנץ איז עלעגאנט
און פארשיקערט
ווי דיינע אויגן,
וואס פירן אין דיין האפן.
דער יאם, זשאנעט,
איז נישט שטורעמדיק אזוי
ווי דער באגער,
וואס ברויזט אין אונזער איגעווייד.

און דיין ליבע, זשאנעט,
איז שטארקער א סאך
ווי די ליבע פון טויט
אין בוזים פון יאם.
זשאנעט ! —
מיר האבן אויסגעטרוימט
דיין געשטאלט,
צו שטילן
די בענקשאפט
פון אונזערע נעכט,
זשאנעט... — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

* * *

מיסטער דזשאו.
(אן ענגלענדער.)
געבויט —
ווי דער אייפל-טורעם
אין פאריז :
אונטן — ברייט,
אויבן —
מיט א שפיץ...
— און —
אויף דינע, הינערישע פיס
א בויך.
פון יענע בייכער,
וואס לויפן טאמיד אויף פארויס...
און זאגן אן :
ס׳גייט
זיין האכהייט

דער באלאבאס;
דירעקטאר
פון קאוטשוק-טרעסט
אין קאנגא —
מיסטער דושאו...
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

— קעלנער,
א פלאש שאמפאן!
— — — — — — — — — — — —
— ס׳איל ווו פלעי *)
— מערסי... **)
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

דער קעלנער איז אוועק.
מיסטער דושאו
האט זיך א וויג געטון
אויף זיין בענקל-עק.
און פון זיין ווינקל-ליפ,
האט פיבערדיק
זיך אראפגעגליטשט
אזא צופרידענער,
נישט ראפינירטער
קוויטש,
אז דער קעלנער
האט נישט ווילנדיק
זיך אומגעקערט
צוריק.

---

*) ביטע זער.
**) א דאנק.

— ס׳איל ווו פלעי, מאסיע ?...
— כע — כע — כע...
איר זענט, מיסטער,
א דזשענטלמען !
און געלט — האט איר מיסטאמע
אויך נישט פיינט,
כע... כע... כע...
איר פארשטייט...
כמיין... די ליידי *)
טאנצט א יעדע נאכט, א דא ?...
— א יעדע נאכט, מאסיע.
— און צימערן —
פארדינגט מען דא
פער נאכט,
צי — פער שא ?...
— אויך — פער שא...

* * *

פארטאג.
אין צימער פון האטעל
פאלט
שאריען פון טאג.
מיט אויגן — האלבצעעפנט
זיך וועקט,
מיסטער דזשאו
אין בעט.
נעבן אים — זשאנעט...

*) פריילין.

מיסטער דזשאו: איר ווױנט אַלײן ?
זשאַנעט : ניין, איך האָב אַ מאַן...
מיסטער דזשאו: און — אײַער פאַך, כ׳מײן...
איר טאַנצט שוין לאַנג אַזױ
אַ דאָ, אין קאַבאַרעט ?
זשאַנעט : זייט מײַן מאַן,
האָט בײַם מאַשין
אָפּגעריסן זיך אַ האַנט.
מיסטער דזשאו: און אײַער מאַן — צי װײס
אײַער מאַן...
זשאַנעט : נו, געװיס...
האַ... האַ... געװיס,
איך טאַנץ. האַ... האַ...
איר זעט נישט, װי איך טאַנץ ?
און אין מײַנע אױגן גליט
דער שיגאָען-גלאַנץ
פון מײַן טאַנץ
בײַנאַכט...
האַ, האַ... געװיס.
איר זעט : מײַנע דינע,
שלאַנקע פיס ?...
פאַר צװאַנציק פראַנק נאָר,
קריגט מען :
שלאַנקע פרויענפיס
און בלױע אױגן אױך,
און בלאָנדע האָר...
האַ... האַ... האַ... האַ...
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

מידי.
דארעם-אייראפּעאישער וואקזאל,
בריסל.
אונטערשטאט.
פּארטאג.

ווי בראדיאגעס העפקערע
ליגן זיי
אין פּארטאג,
די קלאשארן פון דער שטאט
אויף שוועלן ביי ארייננגענג,
און אויף טרעפּ.
**מיט פּיס — איינגעקארטשעטע.**
מיט אראפּגעפאנגענע קעפּ —
שאטנס,
אויסגעצויגענע אויף בענק
א קעגן טאג,
א קעגן וועלט...

מיסטער דזשאו —
דעם קאלנער אויפגעשטעלט,
שפּאנט אום נערוועז
איבערן וואקזאל :
אראפּ-ארויף,
ארויף — אראפּ
ווארפט מיט ד׳אויגן אומעטום,
דרייט אויף אלע זייטן מיטן קאפּ.
פּליצים , בלייבט ער שטיין ;
שטופּט מיט דער צונג ארויס

דעם לעצטן וואלקן־רויך
און ווארפט אוועק דאס רעשטל
פון אויסגערויכערטן ציגאר.
שטאר
שטרעקט זיך אויס
א טונקעלע האנט
צום רעשטל
פון ציגאר...

— — — — — — —

מיסטער דזשאו
האט ווילד
פארקרומט דאס מויל
און ווי א צעהירזשעט פערד
אין א פארנעם טאג
א ברום ארויסגעטון
זיין „דזשענטלמענישן” זאג :
— טפו... נימעסע נעפּאשעס,
וואס דאס רויכערט
און ווי אזוי דאס לעבט...

# בולוואר אדאלף מאקס *)

א מאיסעלע אזא...

איך אליין,
האב מיט מײַנע אויגן עס געזען.
(ס'וועט מיר דאס קיינער נישט גלויבן).
נאר אזוי, אט אזוי איז עס געשען —
נישט צווישן מענטשן ווילדע; עסקימאס און האטענטאט,
אויך נישט אויפן פאל-נארד,
צי אין א לאנד אזא אויף דער קארט,
מיט יארן צוריק — א פינפהונדערט. —
ס'איז געשען
אין צוואנציקסטן יארהונדערט;
אין א גרויסער, גרויסער שטאט,
אין א פרייען גוטן לאנד
אויפן א רייכן בולוואר
מיט א נאמען,
א אויסטערלישן אזא —
אדאלף מאקס.
זענען מענטשן, פלוצים, אין מיט העלן טאג,
(א זעלטנהייט צו זען.)
ווי פיגורעלעך פון וואקס
געבליבן שטיין,
מיט א ווילד-צעקרומטן מויל
זיך צוגעקוקט
און געזען : —

אויפן נאקעטן ברוק, נעבן א וואנט,
מיט א ווילד-צעקרומטן מויל,
א פארפיניעטן מיט שוים,
ראנגלט זיך אין קראמפן
א פארגליווערטע מאסע פלייש,

---

*) דער רייכסטער בולוואר אין בריסל.

נאבן אנזען — א מענטש
ראנגלט זיך מיטן טויט...

האט איינער געזאגט : א שיקער.
האט א צווייטער געזאגט : מיסטאמע א שלעפער,
א שאד —
פארלירן צייט אומזיסט.
און דעם דריטן — דעם דריטן
איז נישט איינגעפאלן,
אז ס׳קאן א מענטש א מאל אין גאס פון הונגער פאלן,
האט ער געזאגט : מען באדארף — — — — — — — — —
רופן א פאליציסט !... — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

און אז דער מענטש האט פלוצים צעעפנט ד׳אויגן,
און ס׳איז אין זיי א שרעק, אזא ווילדער געווען צעבליט —
אז ס׳איז קיים אויף בלויע ליפן אפגעשטארבן,
ס׳איינאונאיינציק ווארט,
וואס ער האט באוויזן נאך ארויסצושטאמלען :
ב—ר—ן—י—ט...
האט דער ערשטער געטאן א שפיי און איז אוועק.
דער צווייטער איז אוועק.
און דער דריטער — איז געווען פון יענע דזשענטל-לייט,
וואס האבן קיינמאל נישט קיין צייט
(„טיים איז מאני״, מיינע הערן !)
האט ער א קניימש געטון
זיין שטערן,
פארוקט דאס הוטל אויף א זייט,
און איז אוועק...

איז פלוצים ווי א בייזער ווינט,
אויסגעוואקסן א באשעפעניש אזא מיט א בלעכל.
און אויפן דעכל
פונם היטל — נומערלעך, ווי לעהאוודיל... ביי א הונט.
און בלויז דערפאר —
(ס'איז שוין געווען דער דריטער טאג,
אז ער האט זיך ארומגעשלעפט אויפן טראטואר
מיט קישקעס איבערגעקערטע און געשוואלענע פון הונגער.
און נאכדעם, אז ער האט מיט בליקן קראמפיקע
געבעטלט ארבעט אויף יעדן ראג,
און אלץ קיין ביסן ברויט פארן הונגעריקן
דריטן טאג,
נישט געקאנט געפינען —
אומגעפאלן כאלאשעס.)
בלויז דערפאר —
האט ס'באשעפעניש מיטן בלעכל געהייסן ווייזן זיך „פאפירן"
ארויסגענומען א בלייר, א ביכל און געשריבן.
און, אז ער האט דאס לעצטע ווארט פארשריבן —
„עטראנזשער" *)
האט ער געטון א צוק מיט ד'אקסלען
געבליבן שטיין ווי א ביינערנער געץ
און א זאג געטאן אזוי:
— „א פרעמדער, — ס'הייסט ביי אונז אין לאנד, א גער, —
וואס האט נישט קיין ארבעט, פאלט פון הונגער אין גאס,
און אויף א צוגאב נאך אזעלכער — מיט א פרעמדן-פאס —
בין איך, דער היטער פון געזעץ,
מעכוייעוו
טון
מיין רעכט. —

פאר גערעכטיקייט איז א קאוועד צולייגן א האנט... —
דרייַ כאדאשים ארעסט,
דערנאך — ארויסגעשיקט צו ווערן פונם לאנד.
נאכן כעשבן פון געזעץ — זענען שלעפער נישט קיין געסט! ...”
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

אזוי, אט אזוי
איז עס געשען...
נישט צווישן מענטשן, ווילדע : עסקימאס און האטענטאט,
אויך נישט אויפן פאל-נארד,
צי אין א לאנד אזא אויף דער קארט ;
מיט יארן צוריק — א פינפהונדערט —
ס׳איז געשען
אין צוואנציקסטן יארהונדערט
אין א לאנד אזא אין אייראפא.

# בלוט־מיסכער

ניו-יארק.
א שטאט אזא
וו'א הימלישער יארִיד,
א טארג :
אונטערגרונדבאן, אויבערגרונדבאן,
עלעווייטער.
יאגן טעג, און ס'יאגן באנען.
פון דא און דארט,
פון דארט און דאנען.
ווי ס'וואלטן אויף אמאל,
איבער שטעג און איבער פלויט
טויזנט ווילדע רייטער
אנגעיאגט דעם טויט...

מענטשן — אנגעדרייטע מאנעקינען,
אויטאמאטן.
גייען נישט — מען לויפט ;
אז די צייט
האט מען פארקויפט
דעם זייגער
אויפן שטאט-ראט טורעם,
פיבערן די פיס
וו'אן אראפגעפאלן בלאט
אין שטורעם

און —
מע לויפט.
מיט הענט — אויסגעשטרעקטע צו דער ווייט,
אנצוכאפן דעם שפּיץ
פון גאלד-באקרוינטן טורעם...

אונטערגרונדבאן, אויבערגרונדבאן,
עלעוויי‌טער.
גייט אַן אזוי, דאס ווילד געלויף.
איינער פונם צווייטן איז פארשייטער.
האנדל — וואנדל,
קויף — פארקויף,
„ביזי״
נאר ארויסצורעדן אזא ווארט :
„רעקארד״ !
און אלץ גייט
„הארי אפּ״
מיט די פיס — ארויף,
מיטן קאפּ —
אראפּ.
(ווי מוישע נאדיר האט
אמאל געזאגט) :
„ווער ס׳שפּייט ווייַטער,
איז דער העלד פון טאג...״
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז די וועלט שוין אזא וועלט,
אז דאס לעבן
מוז מען אויסקויפן

יעדן טאג,
ווי ס׳קויפט פאר געלט
א מאן ביינאכט
א פרוי זיך אויפן ראג.
אזוי
האבן מענטשן זיך געוווינט שוין
אויסצוקויפן זייערע טעג
ביי דער וועלטס גרויער נאכט.
נידערט ווער אין שווארצע טאלן —
אין קוילנשאכט.
און ווער עס דראפעט זיך
אויף דאך —
שאקען א סאן מעטיע *)
יעדערער — זיין פאך...

און מיסטער טאם,
וואס טראגט א צילינדערהוט,
א שווארצן ראק,
און ווייסע האנטשו
(מאיסע דזשענטלמען)
שטרעקט צו יעדן
פריינטלעך אוים זיין האנט.
(ר׳איז מיט יעדערן — „פער דו".)
און ר׳איז אזוי באשיידן
און גאלאנט,
אז...
ר׳לאזט צאפן זיך דאס בלוט —
(50 דאלאר — פער טראנספוזיע.
מינוס —
צען פראצענט סאניטאר קאמיסיע,

---

*) יעדערער — זיין פאך.

מינום —
צען פראצענט
פראוויזיע...) — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

דער בלוט-אפיס
(ווו ר'איז געווען אנגעשטעלט.)
האט צוגעשיקט צו מיסטער טאם
די לעצטע וענדונג כוידעש-געלט,
מיט א בייגעלייגטן בריוו:
„אין העסקעם מיט די לעצטע פארשריפטן
האבן מיר דעם קאוועד אייך מוידיע צו זיין,
אז אייער דזשאב ביי אונז
פון צאפן בלוט, כוידעשלעך — צוויי מאל.
איז נישט אין איינקלאנג
מיט דער „באארד אוו העלט" *)
און —
אלס פויעל-יאיצע
דערפון —
האבן מיר דאס רעכט
צו צאפן אייער בלוט
איין מאל נאר אין כוידעש...
(„באארד אוו העלט"
האלט,
אז ס'איז נישט העפקער פעטרישקע
די וועלט.
און אז וויבאלד
שוין צאפן בלוט —
מוז עס זיין פון ערשטער קוואליטעט...

*) סאניטאר קאמיסיע.

אין נאמען פון דער ציוויליזאציע,
און לעטויוועס
זיין מאיעסטעט
דעם מענטש...) — — — — — —
— — — — — — — — — —

טאט
האט מיט א פען
פארשטראכן
די רעכטע זייט פון בריוו,
און אויף דער לינקער
עפעס צוגעשריבן
און געפינטלט.
ביז, —
אז ער האט אליין,
וואס ער האט אנגעשריבן
דורכגעליינט —
האט יעדער ווארט ווי א שפיז
זיך ארייננגעפיקט אין הארץ.
און אין קאפ
האט א שלאג געטון דאס בלוט
אזוי זודיק היים,
אז מען האט
פון זיין צעהיצט געזיכט,
געקאנט ארונטערלייענען
ווי ס׳וואלט געווען פארשריבן דארט
שווארץ אויף ווייס :

„מיסטער טאם איז שרעקלעך אויפגעבראכט
און האלט,
אז דער אנגענומענער באשלוס
פון באארד אוו העלט",
איז אן אטענטאט
אויף זיין פראלעטארישער ווירדע
און וואס דער איקער —
אויף זיין לעבן...
דעריבער איז זיין כוווו
צו מעלדן,
אז —
פארפאלן,
ער זאגט זיך אפ פון „דזשאב" *)
און אויס...
צאפן בלוט
וועם יעדער זיין א באלן..."

* * *

לוי קלארק.
(א מענטש אזא
מיט א רויטן גראבן קארק,
קליין און דיק,
ווי א פעסעלע פארונדיקט.)
האט אמאל
אין די יונגע, גוטע יארן
אליין געמיסכערט מיט זיין בלוט.
נאר העיאים,
ס'האט די זיקנע אנגערוקט
און אין די אדערן

*) א שטעל.

איז ווייניקער געוואָרן
ס׳בלוט
האָט ער, מאַיסע סײַבער,
(ווי אַן אַלטער, אויסגעשפּילטער אַקטיאָר)
אַן אייַצע צוגעטראַכט
צו ראַטעווען דעם קאָוועד
פון זיין פאַך.
נעמלעך : —
ער׳ט געעפנט זיך אַליין אַ סטאָר... *)
און פאַרן הויז
האָט מיסטער קלאַרק
אויף אַ שילדל אויסגעקריצט :

„פירמע
לוי קלאַרק
בלוט-אַפּים."

* * *

ביין-האַשמאַשעס...
אַ ציטערדיקער פינגער
האָט אַ קוועטש געטון
אַ קנעפּל,
אַ שאַרפער קלונג
און —
די טיר האָט זיך געעפנט.
אַ טונקעלע געשטאַלט
האָט זיך פאַרנויגט :

— גוד באַי... *)
— גוד באַי, מיסטער, גוד באַי !
— הם... איר זענט מינאַסטאַם
מיסטער ק... ק... ק...

---

*) גוט מאָרגן.

— יעס! איך בין מיסטער קלארק.
— אזוי... הם, גוט...
איך בין טאם.
איר פארשטייט, כמיין...
כ׳בין געקומען...
— יעס, כ׳פארשטיי.
ווי זאגט איר איז אייער נאמען?!
— טאם.
— אזוי... טאם.
א פיינער נאמען, טאם!
ס׳גראמט זיך, מיט
לאמטידיריטאם,
טשירי-בים-בים
און טשירי-בירי-באם-באם...
הע... הע... שפאס אן א זייט.
מיינט איר, הייסט עס,
א דזשאב?
יעס,
פאראן ביי מיר א דזשאב.
און ווייל איז זיי
די, וואס גיבן בלוט
אין מיין אפיס.
שייעך זאגן גוט... —
א צימער — ווי א פאריץ,
און ווייִדזשעס *) — קנאפּ.
שייעך זאגן קנאפּ — :
א פינפערל א וואך.
און בלוט — קענט איר גיבן
וויפיל נאר איר ווילט.

*) געלט.

פער טראנספּאזיע —
20 פּראצענט
פּראוויזיע...
מאסקים? — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
— ס׳הייסט, מאסקים —
כ׳מיין, ס׳אביסעלע צופיל...
— שייעך זאגן פּיל,
פּראצענט — איז פּראצענט
און בלוט — קאנט איר גיבן
וויפיל נאר איר ווילט...
וואס שייעך „בּאארד אוו העלט” ? —
נארישקייטן...
אמעריקע איז א גאלדן לאנד,
און ווער ס׳האט מאני *) אין די הענט
איז פּרעזידענט...
מאסקים, הא ?
נישטא זיך וואס צו בּעטן,
און אז איר ווילט,
הויבט איר אן אייער דזשאב
שוין פון מארגן.
א צימער, זאג איך,
ווי א פּאריץ
און ווײדזשעס — קנאפּ.
שייעך זאגן קנאפּ...
יא, נישטא זיך וואס צו בּעטן.
דוכט זיך יאישערדיק, געהאנדלט
מאיסע סאיכער

*) די מאטבּייע.

אייער בלוט.
מיין — פראצענט... — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

* * *

— איר זעט, מיסטער ?
א דאס איז אייער צימער,
און דא —
א האנטוך, זייף און פאסטא.
א בערשטל צו די ציין —
האט איר געוויס אליין.
און דאס, וואס איז נישטא,
קאנט איר בעטן;
נישטא זיך וואס צו שעמען
מיר אלע זענען דא,
ווי איין מישפאכע
און — אז איר דארפט אמאל...
איר פארשטייט ?...
א בעט, ווי איר זעט,
איז פאראן א ברייטס
און מיסיס קלארק
איז טאמיד...

— אל-ראיט !...

— און איצט
גייט ארונטער
אדא אין זאל,
וועט איר נאכאמאל א רעד טון מיט מיין מאן.
* * *

טאם איז אראפ.
ער האט אויפגעמאכט די טיר;
א וואלקן רויך
און אזא צעשפליטערטער געפילדער
ט׳אים א שלאג געטון צום קאפ,
אז ס׳לאשן האט אים אפגענומען.
איז ער אט אזוי געבליבן שטיין
א פארוווּנדערטער
מיט אויגן — אויסגעגלאצטע
צו דער וויט
גלייך, ס׳וואלט א דא פאר זיינע פיס
די וועלט זיך איבערדרייט...

בילארד-טישן, קעגל, דאמינא.
טישעלעך פאר קארטן שפיל,
און באק.
זיצן זיי אזוי ארום,
די בלוט-פארקויפער
מיט גופים — אריבערגעבויגענע,
מיט קעפ — צעהיצטע,
און פינגער
קלאמערן
די קארטן אין דער האנט.
יעדער קארט באזונדער —
איז א וועלט.
און יעדער פון די שפילער,
האלט זעקס וועלטן אין זיין האנט.
טראכט ער זיך אזוי אריין
אין יעדער וועלט
און זעט:

אז דער אנהייב פון דער וועלט
און דער סוף פון דער וועלט,
איז געלט.
געלט.
געלט...

פינגער לויפן אויפן שפּילברעט,
שטערנס פּערלען זיך אין שווייס
און שטום,
פאלט דער קלאנג
פון געלט געקלימפּער
באגלייט
דורך געדעמפּט געמורמל,
שטילן שושקען זיך פון שפּילער
און צומאל אן אויפגעשריי,
גראבע רייד,
זידלעריי
און —
פון אלע העכער שרייט
מיסטער קלארק :
— ווער גייט ?...
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
דרייט זיך עס און דרייט
ביי אלע טישלעך אום
ווו נאר שפּילער צוויי,
איז א דריטער מיסטער קלארק
און א שותף
האלב אויף האלב
צום שפּיל... — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

ס׳זעט אויס,
ווי אלץ וואלט דא געווען
אן אויפגעבויטע קאמפאזיציע;
יעדער אויף זיין ארט
נישט מער וו׳א א קלאנ,
א שפיץ נאר
פון א קלאנג
אינם אקאמפאנימענט
פון טאמיד שוועבנדיקן ווארט,
וואס מיסטער קלארק רעדט ארויס
אזוי גאלאנט:
— ווער גייט? —
א פערטע האנט...

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

* * *

קלארק
האט א ווארף געטון
א בליק צום טיר
דערזען,
אז טאם שטייט אזוי
פארבליפט, דערשראקן
גלייך — ס׳וואלט אן אומגליק אים געטראפן
איז ער — מאיסע דזשענטלמען — צום טיר צוגעלאפן
און א שטרעק געטון זיין האנט:

— א-א-א-א... גוד באי!
געקומען?
יעס, אלע קומען זיי צו מיר.
מיסטער קלארק צאלט „קעש"
איר פארשטייט,
און אפענע טיר...

יעס,
און אפענע טיר.
הייסט עס — — — —
איר בלייבט ? —
אל-ראיט — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

מיטאג
וועט איר עסן
אלע טאג,
ביים „גריך"
אט האט איר א קארט,
איר זעט ?
בעוו וועט שוין ווייזן וווּ דאס איז.
נו, א שאד די צייט...
צוריק —
ווען מיר זיך טרעפן
אין אפיס.

* *
*

אין רעסטאראן „ביים גריך".
נאכן מיטאג שוין.
זיצט טאם
און רויכערט א ציגאר.
שטאר
פאלט זיין קאלטער בליק
אהינטערן בופעט
צום מענטשל מיטן פליך.
בעוו —
זיצט אנטקעגנאיבער אים
און שווייגט,
פלוצים — ט'ער זיך צערעדט :

— דו ביזט דא א נייער, הא ?
— א נייער.
— שוין לאנג, אז מען צאפט ביי דיר בלוט ?
— נישט לאנג.
— א „גרינער" הייסט עס,
אין אונזער פאך.
הא-הא, פאראן א סאך אזעלעכע,
א סאך...
איך האב זיך שוין אויסגעגרינט...
קוק אן ארעם, זעסט ?
פינטעלעך אן שיר.
שוין צעשטאכן אים
א מאל צוויי־הונדערט —

א פינטעלע — א מיטאג,
א פינטעלע — א פיפיקל,
א פינטעלע — א ביר...

הע — הע — הע...
וואס ס'טו זיך אזוי פארוואונדערט ?
ס'איז יעדער פינטעלע —
א טראפן מארך,
וואס טריפט ארויס
איינציקווייז אזוי
פון אונזער גאטפארדאמטן מויעך
מיט די טעג און וואכן,
וואס פליען אפ
צוזאמען מיטן בלוט,
וואס ווערט פון אונז ארויסגעצאפט

שטיקן דיך
אויפן געלעגער ביינאכט
די יארן פון דיין לעבן
גלייך — ס׳וואלטן הענט
ווי צוואנגען אייזערנע
ביים האלז דיך אנגעכאפט
און געמאנט,
געמאנט
דין-וועכעשבן
פאר די טעג, וואס טריפן אפ אזוי
מיט דיין בלוט...
אלץ פאר אים,
פאר אים,
דאס נעפעשל מיטן פליך,
וואס שטייט א דארט
אונטערן בופעט.
א דאס איז ער,
דער גריך,
וואס רייסט די טיקעטס אפ
א יעדן טאג.
פאר ביר
פאר פופיקלעך
און פאר מיטאג...

— ט׳איר, הייסט עס, זיך שוין אויסגעגרינט?
— יעס, א יאר צען,
אז מען צאפט אזוי מיר ס׳בלוט.
— און דאס געלט וואס איר׳ט אמאל פארדינט?
— כע — כע — כע... פארשפילט.

אין קארטן עס פארשפּילט
צו מיסטער קלארק...
ר׳איז צו אלעמען א שוטעף
אויף פּראצענט.
מאטעמאטיק ס׳טו אמאל געלערנט, —
וויפיל איז צען סענט ?
— דוכט זיך — צען.
— איא, צען ?
ביי מיסטער קלארק
נאר — ניין... — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

נו, מירן גיין...

* *
*

— ?...
— — — — — — — — — — —

— א פיינער מיטאג, הא ?
א צימער — ווי א פּאריז,
און א בעט...
געזען ס׳בעט ?
ס׳שלאפט זיך גאנץ געשמאק אדא.
און רויקער דער קאפּ
ווי אנדערשוווּ.
דער איקער — א דזשאב.
איר פארשטייט...
א דזשאב —
דריי און פיר מאל אין כוידעש.
ס׳טרעפט אמאל זיך אויכעט —
(אזוי נישט טרעפן זאל)

מען דארף פארשטײט זיך
האבן מזל —
א פינפט צו א זעקסט מאל.
— — — — — — — — — — — —

...יעס, —
מיִסטער, פארגעסן זאגן אייך,
אז א דאקטאר
האב איך אן אייגענעם
אין אפיס.
און מײנס א „באי" *)
מוז יְעדע װאך
מאכן זיך אן אנאליז
איר פארשטײט,
פרוּװן ס'בלוט...
גוט —
נישט גוט
פרוּװן מוז מען...
קעגן װאס צוריִק געקומען איז מען ?
א קעגן —
א דאלאר א װיזיט... — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

יעס, איר דארפט מיסטאמע
א פאר סענט ;
א סיִגארעט, א טראם
א דאס, א יענץ.
צו גאר אמאל — — —
מען איז דאך נאר א מענטש...
נעמט זשע צו דאס ביסל מינץ...

*) א יונג.

טאם
איז שטיין געבליבן
מיט ארויסגעגלאצטע אויגן,
(א קאלטער שוויים האט אים באגאסן.)
די בליקן — געווארן זענען שפיזן —
ער׳ט פלוצים דערפילט אין זיך
אזויפיל אפענע,
בלוטנדיקע ווונדן,
אזויפיל פינטעלעך אויף יעדן ארעם,
אז ס׳בלוט איז אין אים
געווארן געגליוועט.
און די צונג —
האט זיך צוגעקלעבט צום גומען
(נישט א ווארט ארויסצורעדן).
האט ער דאס געלט
ביי מיסטער קלארק גענומען
און עס א ווארף געטון
אן דר׳ערד...
זענען
אט די מינץ-מאטבייעס
אראפגעפאלן
מיט אזא צעזונגען, ווילד געזאנג
גלייך — ווערטער
אויסגעשמידט פון שטאל
וואלטן פלוצים זיך צערעדט,
הערט :

יעדער קלאנג און קלינג
פון אונזער פאל
איז דער אויפגעשריי פון בלוט,
וואס ווערט פון אונז ארויסגעצאפט.
יעדער סענט —
איז א שא פון אונזער לעבן,
וואס פאלט
ווי׳א רויטער זיגל בלוט
אויף אייערע הענט.
איצטער
זיינען מיר מאטבייעס
פון מעש, פון קופער
און פון בליי —
ס׳וועט געשען,
מיר וועלן זיך איבערגעשטאלטן
אזוי,
אז מיר וועלן ווערן שרויט
און דאן —
אז ווי
צו אייער גאט פארדאמטן טויט,
וואס וועט קומען
מיט גאליקער סינע באוואכט,
אזוי ווי ס׳קומט
פלוצים צוגיין
א שטורעם ביינאכט,
אזוי וועט קומען
אייער גאט פארדאמטער טויט...
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

* * *

— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

— פּראַצענט — איז פּראַצענט...
נישטאָ זיך וואָס צו בעטן.
און בלוט —
קאָנט איר גיבן
וויפיל נאָר איר ווילט...
דוכט זיך יאַישערדיק געהאַנדלט,
מאַיסע סאַיכער :
אייער בלוט,
מיין —
פּראַצענט...

# א בריוו

וואס קען מען ענטפערן א מאמע,
א פרוי אין די פערציקער יאר;
ווען אין אירע קאפּ-ווינקלען
האבן זיך פארזעצט שוין
די ערשטע גרויע האר,
און אין איר — אויג
פיבערן מיד
טונקעלע טעג —
וואס קען מען ענטפערן א מאמע,
ווען זי פרעגט:

— „פארוואס שרייבסטו נישט מיין זון,
צו האט דיין שווערע פראצע דארט
ארויפגעצווינגן אויף דיין לייב א העמד,
און — צו עסטו כאטש א שטיקל ברויט צו זאט
אויב נישט; וויפיל איז דער שיער זיך וואלגערן
אין דער פרעמד,
גלייך וואלסט קיין היים און קיין מאמען נישט געהאט..."

איז א כידעש דען,
אז כ'דארף שרייבן דיר א בריוו אמאל
קומט עס אזוי שווער מיר אן,
און אין הארץ ביי מיר
א ווונד בליט אויף
א בלוטיקע אזא
וו'א רויט-צעבליטע רויז...

וווּנדערסט אַלץ זיך נאָך,
פאַרוואָס ס׳קומט אָן אַ גרויסער שטאָט
טראָגן אַזוי שווער דעם יאָך,
און פאַרוואָס... — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

„ס׳האָט קיינער אינדערהיים שוין נישט דערקענט דיך
אויפן בילד.
עפּעס קוקט דײַן פּנים אויס
בלייך אַזוי און ווילד.
און די אויגן זענען אײַנגעגראָבן טיף,
פאַרלאָפן רויט;
שטאַרצן פון פּנים בײַנער דיר אַרויס,
אַזוי יונג.
און שוין — אַ גערינצלטע הויט...“

ווי זאָל איך, מאַמע, אַנטפּלעקן דיר דעם סוד?
(זאָגן איצט אין מיטן נאַכט — ס׳איז טאָג!)
אַז טײַבע אויערן הערן נאָר, וואָס ס׳רעדט צו זיי גאָט
און אויגן פון גרויע מאַמעס, קענען שוין אַלץ נישט זען...

ווייסטו דאָך, מאַמע, נאָך אינדערהיים,
בין איך אַ פאַרשוין אַזאַ געווען,
וואָס כ׳האָב לאַנג מײַן גורל שוין
מיט אָרעמע געטיילט.
און פאַרבונדן כ׳האָב מײַן לעבן
נאָר מיט די,
וואָס דער הונגער בײַסט זיי אויס שטיקער צונג,
יאָגט, בײַם גרוי פון טאָג, פון בעט אַרויס
זוכן ברויט.

און אַזעלכע,

וואס האבן ברויט, נאר שפּייַען שוין מיט בלוט,
שפּייען אויס די לונג
און וואַרטן אויפן טויט...
און די, וואס שלעפּן הונגעריקע זיך ארום
בעטלען ארבעט
און ס׳קלינגט זשאווער אין זייער שטום.
און אזעלכע, — מיט אויסגעשטרעקטער האנט,
וואס וואגלען אום מיט טארבע אויף בלינדן וועג
מיט צעאקערטן געזיכט,
האבן שוין פארגעסן דעם כעשבן פון זייערע טעג,
טראגן אין די אויגן פארלאשענעם ליכט
און האבן נישט קיין ווייב, האבן נישט קיין קינד
צופּן אויס די האר פון בארד,
חבר׳ן זיך מיט ווינט;
און ס׳איז יעדער וועג פאר זיי — א וואנט,
און פארקלאפּט — ווו נאר א טיר...

און ביי מיר —
איז א הארץ, פון טאמיד אן, אזא פאראן,
וואס ציטערט אזוי
פאר יעדן פּיצל פרעמדן גליק,
פאר יעדן פּיצל פרעמדן גוט.
איז וואס דער כידעש דא,
מיין הארץ גייט אפּ אין בלוט
בעשאס איך זע :
ס׳שטייפט זיך אויס אן אויסגעביילטע האנט
און ס׳טוט אין איר א בליץ,
ס׳טוט אין איר א בלאנק —
א שארפער-מעסער שפּיץ

— גרייט
פארשוווּנדן און איינגעגראבענער אין עמיצנס א זייט...

איז וואס דער וווּנדער ?
אז אויף שוועלן פון הינטערשטאט ;
ראיען זיך קינדער ;
מיט אויגן ווי ביי קראנקע קעץ,
מיט גופימלעך צוגוייפגעקארטשעטע פון הונגער,
צעפרעסענע פון לייז ;
לויפן זיי אום ווילד, ווי אין א שטייג
פארסאמטע מייז.
מיט הענטלעך ביינערדיק אזוי און פויל
זוכן זיי צווישן מיסט,
זוכן צווישן קויט
און שארן
ברעקלעך דאר-פארטרוקנט ברויט
אריין אין מויל... — — — — — — — — — — —
איז וואס דער כידעש, מאמע,
אז פענעמער אין גרויסער שטאט
קוקן אוים בלייך אזוי און ווילד
און אויגן זענען איינגעגראבן טיף
מיט פארלאשענער פרייד.
און די הויט
ביי יעדערן ווערט געריונצלט פאר דער צייט ?...
אז אין דער גרויסער שטאט,
איז דער הונגער גרויס,
און ס'הארץ רייסט זיך אפ,
אז מען זעט :

**אין יעדן דריטן הויז**

קינדערלעך דריי, פיר יאריקע
מיט בלאנד-געלאקטע קעפּעלעך,
בלוי-אויגיקע,
מיט בליקן — בעטנדיקע, מילדע
שטארבן פאר דער צייט...
הויערט אום אויף אלעמען דער טויט
און דער עלנט בליט און בליט,
ווי אן אויפגעריסן צעאייטערטע ווונד
אין הארץ
אין סאמע מיט
פון דער וועלט...

# ס׳געזאנג פון זינדיק בלוט

כ׳בין א גאסנפרוי — פון טונקעלער נאכט א קינד.
און נאקעט גייט
דורך דער וועלט מיין גרוי געוויין,
ווי נאקעט ס׳גייט
דער ווינט
אויפן בולוואר.

כ׳בין א גאסנפרוי, אין מיין בלוט
צייטיקט זיך די טאיווע
אויף באפעל.
און כ׳פארקויף
שטיקער אייגן לייב
ווי עפל אויף דער וואג
און שארף —
בליט פרעך
א שמייכל אויף מיין ליפ
ווען מען דארף...

מיין בלוט איז העפקער, העפקער ווי די נאכט.
און שלעפער —
האבן נישט קיין היים,
שארן זיי ווי שאטנס זיך ביים וואנט
און מיט ליפן
פיבערדיק צעקרומטע
שעפטשען
טאיווודיק צעפוילט :
ווייב...

כ׳האב זינדיק בלוט, ווער האט אויסגעטראכט,
אז הייליקער פון הענט
איז א פרוױעגלייב ביינאכט,
הייליקער פון הענט,
וואס ווערן פופציק מאל א טאג
געשענדט
און פארקױפט
אויף יעדן ראג
ווי פערד אויף א יאריד ?...

כ׳האב אליין אין א פיבערדיקער נאכט
הינטער א פלויט
ערגעצוואו —
די רייפקייט
פון מיין דרימלענדיקן בלוט
געוועקט.
אליין, מיט מיינע הענט
מיין הייליקייט געקרייצט...

כ׳בין א גאסנפרוי און ס׳בליט מיין וווּנד איצט רויט;
ס׳איז מיין בלוט שוין מיד...
זינג איך צו דער וועלט מיין גרוי געוויין;
מיט וואס איז זינדיקער מיין ליד,
וואס ס׳זינגט מיין העפקער בלוט פאר ברויט,
בלויז פאר ברויט, —
אז א העמד אויפן לייב, שפינט מיר אוים דער טויט...

# דער מאנאלאג פון א שיקער צופיסנס פון ציילעם

שוין דעם דריטן טאג
שטיי איך דא, אויף פליכעוואטן ראג,
און ווארט — — —

שטיי איך אליין און קוק אויף דיר,
ווי פריי, אנטבלויזט
ס׳הענגט אקעגן ווינט
דיין אפגעהילטע ברוסט.
שוין גישט פון נעכטן, אז מיך האט אנגענומען אזא געלוסט
אין דיר אריינצוגראבן מיין מעסערשפיץ
אזוי, ס׳זאל דיין קאליע בלוט טון א שפריץ
און דער עמעס אן אנטפלעקטער זאל ארויס !

כא — כא — כא — כא...
שוין גישט דאס ערשטע מאל,
אז האסט מיך אפגענארט
און קונציק זיך ארויסגעגליטשט פון מיינע הענט.
(אפילע א גאט האט מוירע פאר א מענטש...)
נאך דעם טויזנטסטן נישט דערקענטעניש
האב איך דיך דערקענט.
און איצט, —
אז כ׳האב געפאקט דיך אין מיינע הענט,
וועסטו מער זיך נישט ארויסבאקומען
און אנטרינען.
(צוויי מאל אפצונארן איז א שווערער איניען !..)
זע : —
א לאנגן, שארפן מעסער
האלט איך אין מיין בוזים לאנג שוין גרייט,
דיר אריינצוגראבן אין דער זייט

(זיך אלץ קיין געלעגנהייט נישט געמאכט.)
נאר פון לאנגן ווארטן, טאג און נאכט,
איז מיין מארד געדאנק געווארן פארזשאווערט.
כ׳זע : דיר שאקלט זיך אן אויג אין קאפּ,
טון, וועל איך דיר גארנישט !
עפּעס ווי דורך א קישעוו,
האב איך זיך באכעשבנט
(א שיקער האט אויך אמאל א יישעוו !)
א צוגעשלאגענער צום בוים,
װעט נישט אוועק...
און, אז ביזט נישט ווערט
(זא וואר איך לעב !) ביזט נישט ווערט
ס׳זאל מיין בלאנקער מעסער שארף
זיך טונקען אין דיין בלוט.
(א ! כ׳וויים עס גוט,
וועסט מיסטאמע טראכטן : —
א מעשוגענער צו גאר א נאר,
פיבערט דא א קעגן ציילעם
אויף ביינאכטיקן טראטואר
א קעגן גארנישט.)
כא — — — כא — — — כא — — —
א קעגן גארנישט !...
און טון — וועל איך דיר אויכעט גארנישט.
א מענטש האט וואס אן עמעס, בייז, פארזשאווערט בלוט.
נאר איך — איך וויל נישט צורייבן ביי דער וועלט
איר גאט —
די קרוין פון איר גוילעמדיקן באשאף...
נאר איצט, —

אז צאפלסט זיך (א, זינדיקער !)
אין מײַנע הענט — א שקלאף
(ווי איך לעמאשל ביי מיין ווילן)
לאז איך דיך נישט אפּ,
וויל איך בלויז
זאלסט פונקט ווי איך, דעם עמעס איצט דערקענען.
זעסט, אן אכזער. וואס איך בין ? (שוין באלד אזוי ווי׳א גאט.)
נאך א ביסל אנדערש : —
מײַנע הענט זענען נישט געקרייציקט,
פריי און אויפגעבונדן
אויסצופירן יעדן ווילן.
און מיין אויג — איז נאך העלער ווי דאס ליכט פון זון
צעצונדן,
און שארף איז מיין געדאנק, און ליכטיק
ווי דער עמעס, וואס כ׳האב אקארשט
צופיסנס פונם ציילעם איצט דערקענט.
זעסט ווי גוט איך בין ? — כ׳לעסטער נישט
ווייל ביזט נישט ווערט אפילע — — —
כע — — — כע — — — כע — — —
ס׳געשיקט זיך נישט, אז א שקלאף,
וואס צו א בוים איז צוגעשלאגן
און אויסגעשטעלט אויף כויזיקדיקן שפאט,
זאל צום בייזן ווונדער
א קרוין אויפן קאפּ טראגן
אין רופן זיך א גאט —
כע — — — כע — — — כע — — —
א — — — ג — א — ט — — —
נאר איך — איך בין א גוטער אזא —

בעסער פון א גאט.
כריאקע איך דיר אין פאנים
מיין לעצט שטיק לונגענבלוט,
און שליידער צו דיינע געקרייציקטע פיס
מיינע העפקערדיקע נעכט
און זאג : —
לעסטערן איז אויך א טפילע !...

# פלאקאט

נישט סטאם אזוי,
ווי ס׳קוילעט זיך אין שויכעטס האנט — א טויב,
זינגען ליפן אויס א ליד.
נישט סטאם אזוי —
ווי ס׳ציטערט
שטום און באנג,
אוונטיקער שיין אויף שויב,
גלעטן אויגן צאנקנדיקע
אוונטיקן זונפארגאנג... —

זינגען ליפן אויס א ליד,
איז דאס ליד
ס׳געזאנג
פון בענקנדיקן בלוט,
פון א הארץ, וואס פיבערט מיד
און א שטערן,
וואס האט קנייטשנדיק זיך איינגעקארבט
אונטער לאסט פון דריקנדיקן פיין.

רינט אראפ אמאל אן אויסגעוויינטע טרער אויף זאמד,
א מאמעדיק געוויין —
האט אין עמיצנס אן אויג
א טיפער ווי איפגעפלאמט,
און א צאר א בלייקער ליגט פארבארגן
אין יעדן שטערנפאלד,
ווי א שטילע
ציטערדיקע טפילע

אין ווינקל
פון א פארקלעמטער ליפּ.

און אמאל איז א ליד. א גוטע, ווייסע טויב,
וואס קלאפּט מיט שנאבל אן אין שויב,
און ברענגט אן אלטער מאמען פון איר זון
א בשורה פון דער ווייט.
און אויף ערד
איז דא אמאל אזא צייט
ווען קראנקע פויגל רייסן זיך ארויס
פון שטייג
און פאלן מיד,
מיט פליגל אונטערגעהאקטע אויף א צווייג
און גייען אויס
פארן אויפגיין פון דער זון...

און פאראן איז א ליד
פון א לעצטן, ציטערדיקן שמייכל,
וואס האט אין קראנקע אויגן פארבליט,
און וויאנענדיקע פארטאגן
האבן אויף אויסגעבלייכטע, דארע הענט
די טונקעלע יארן נישט דערטראגן.

זינגען ליפּן אויס א ליד
איז דאס ליד,
נישט סתּם אזוי געזאנג
פון א הארץ, וואס איז פארבענקט און מיד
ווי א תּפילה ביי א גוי
אין אוונטיקן גלאקנקלאנג.

ס'איז א ליד אמאל,
א תּפילעדיק געבעט

פון א בעטלער אויף העפקערדיקן וועג,
וואס זוכט בײַם צײַלעם זעט
פאר זיינע הונגעריקע טעג.
און אמאל איז א ליד — א בלוטיקע ווונד,
וואס ציטערט אויף
וו׳א רויטע רויז
ביי אן ארעמאן אין שויב,
ווען דער לעצטער הונגערבליק
פון זײַן אײנאונאײציק קינד
גײַט אויס
אין ווינקלשטוב אויף שטרוי. —

זינגט זיך אונזער ליד נישט סתם אזוי —
ווי ס׳רינט אראפ פון דאך אמאל
א פערלדיקער טראפן טוי,
און ס׳הויבן זיך צום הימל אויגן אויף
אויסגעגלאצט מיט לויב,
ווען ס׳קוילעט זיך אין שויכעטס האנט — א טויב.
ניש סתם אזוי
זינגט זיך אונזער ליד.

ס׳איז אונזער ליד,
ס׳געזאנג
פון מיליאנען האמערדיקע טריט;
פארהילכנדיקער קלאנג
פון שטאלענעם געבראזג,
וואס גייט אויף
אין אונטערערדישער טיף —
אין קוילנשאכט,

און אין פאבריק.
ס׳איז אונזער ליד
די שטום —
פון זידיק פלאקערדיקן בלוט,
וואס פארסארפעט יעדן טונקעלן געוועב
צו וועגן,
וואס פירן אויף צוריק
צו —— נאכט —— און
שפינגעוועב.

זינגען מיר אויף אונזער ליד,
איז עס געזאנג
פון פעלדער, וואס בליען מיט פלאקער.
פון אייזן, און זידיקן שטאל,
וואס צינדט אינם בלוט
צעפלאקערטן ווילן
צו קאסע און אקער.
איז עס געזאנג : —
פון מאזאליקע הענט,
פון מוסקול;
א סימפאניע
פון טויזנטער האמערס
צעוויגטע
אויף אמבאס און אייזן
פון ארבעטער־דלאניע.

א ליד אזא
פון מארגנס זוניק צעגליטע,
צעשיינטע —
א ליד

פון שווערדן איבערגעשמידטע
אויף קאסע,
אויף ארבעט,
און פרייד,
וואס זינגט אויף די ליכטיקע שא
פון פארטריבענער נויט;
א ליד
פון ווייסן, צעזוניקטן, זעטיקן ברויט.

# הירש לעקערט

דאס בלוט פון זיין מארטירער האלז נאך טליע
האט א שפריץ געטון אויף בוים וו׳א רויטע, פייערדיקע שלאנג.
איז ווי א בלוטיקער אנווייז געבליבן הענגען אין מיין אויג
צעצונדענע ריע,
וואס האט אנגעצייכנט מיין ווייטערדיקן גאנג...

איז וואס פאר מיר — מיין טראט איז הארט און שווער קומט אן דאס גיין
דער וועג - פארוואקסן, שטרויכלדיק, מיט פעלזן אויסגעשפרייט
און פאר מיין שוועל קניען פארבליטע, טרוקענע טעג, —
אז אויף אקסלבענדער פון דער פינסטערניש וויגט זיך
צעלויכטענע ווייט.

ס׳האט יונג פארגאסן מארטירער בלוט זיין ווילן נישט געמיטי
און הייליקייט פון שוועע האט זיך אנגעגורט אויף פלאקערדיקן
גלויבן,
אז דארט ווו ס׳ליגן טעג צווישן פעלזן נאך פארשניטן,
וועט דערוואנדערן מיין טראט צו געגארטע, אויסגעטרוימטע
הויכן.

און וויל מיט בלוט , מיט קידעש בלוט פון לעקערט-האלז נאך
טליע
האט געצייכנט זיך דער אנווייז פון מיין טראט אויף הארטן וועג
פלאקערט בלוטיק-רויט די הייליקייט פון שוועע
אין גאנג פון אלע מיינע שמייכלענדיקע טעג ! ..

# מעדיטאציע

העי, העי !... — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

העי —
זינגט אויף דאס ליד
פון פארגייענדיקן ווײ, —
זינגט אויף דאס ליד
פון פארגייענדיקער נויט !...
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

כאר : —
בלוטיק בליט
אונזער ליד,
העפקער מענטש
און העפקער וועלט...
איז שטום דער רוף
איז שטים ס׳געשריי,
פארבן, זײַנען דא
נאר צוויי : —
שווארץ
און
רויט...
— — — — — — — — — — —

שווארץ — איז טרויער,
רויט — איז פרייד.
רויטער צארן צינדט זיך רויט,
שווארצע פרייד
פארגייט
מיט טויט ;
פרייד — איז רויט !...

מאסע : —

האלז-אויף שטריק,
קאפ-אויף בוים.
ווער געקעפט ...
און ווער געשאכטן...
טרינקט אין בלוט א וועלט זיך — רויט. —

כאר : —

„דרייט זיך, דרייט,
דרייט זיך, דרייט ! —
פיס-אויף אקסל,
קאפ-אויף האנט.
גוף אין גוף — צענויפגעקנוילט,
הענט אין פיס — צענויפגעפלאכטן ;
דרייט זיך, דרייט,
אין ווילדן טאנץ
אין קאראהאד.
דרייט זיך אלע אריין אין טאנץ,
דרייט זיך אלע אריין אין ראד ! — — — —
— — — — — — — — — — —

פירער : —

שפרייט זיך פייער אינם בראנד,
צינדט זיך גלייך רויט איצט פלאקער.
ווער מיט אייזן,
ווער מיט אקער,
ביי וועם נאר ווילן ברענט אין פויסט —
קומט ארויס !
קומט ארויס !
דעם טאג באפרייט !...

מאסע : —

ס'מוז דאך עמיץ זיין דער ערשטער,
ס'מוז דאך עמיץ אונטערפירן...

פירער : —

ס'איז אויסגעפאלן אויף אונז
צו זיין באשערטע,
ס'איז אויסגעפאלן, אז אונזער ווילן
זאל אונטערציען
די סאכהאקלען...

כאר : —

גייסט,
קען נישט קיין צייט
און אונזער צייט,
האט נישט קיין מאס —
האבן מיר א פעסטע האנט,
האבן מיר א שטארקע פויסט,
איז אויף אונזער זייט די מאכט...

מאסע : —

ערגייץ —
אויף א הויכן, ברייטן דעמב,
אויף א געווארצלט
פעסטן שטאם אין וואלד,
ליגט שוין לאנג א שטריק פארוואָרפן,
ליגט שוין לאנג די שטראף
געגרייט
פארן זינדער, וואס באשטראפט
דארף ווערן...

פירער : —

קומט און העלפּט,
אלץ איז ג'רייט.
קומט ארויס,
קומט ארויס,
אלץ איז גרייט
גרייט צו גיין
אונטערציען
די סאכהאקלען ! ...

מאסע : —

הייליק גרויס איז אונזער ווילן
און דעם באשייד
פון צייט
וועלן הענט צעשטורעמטע
דערפילן...

# א י נ ה א ל ט :

# טאעס פאריכטונג:

צוליב א פארדריסלאכע אומפארזיכטיקייט, זענען אין דאזיקן בוך אריינגעפאלן פאלגנדע 3 טאעסן:

זייטל 12 — שורע 9 געהערט צום דריטן סטראף און דארף זיך לייענען:

האט געזאגט דער בעטלער אויפן שליאך:
„— ס׳איז איצטער זונפארגאנג״, א. א. וו.

זייטל 34 — שורע 8 איבערדרייען פון אויבן אראפ.
זייטל 51 — שורע 5 איבערדרייען פון אויבן אראפ.